נפתלי גראס

# לידער



פארלאג
„פייער"

## ניו יארק

ווי די שטערען אויף דעם הימעל
אין א טונקעל־בלויער נאכט,
צינדען דיינע גאסען זיך,
צינדען דיינע טורעמס זיך,
גרויסע רוישענדיגע שטאדט.
צינדען דיינע טורעמס זיך,
צינדען דיינע פענסטער זיך,
צינדען ווי די שטערען זיך
אין א טונקעל בלויער נאכט.

## איך שטעה ביים פארענטש...

איך שטעה ביים פארענטש פון דעם טורעם,
אין הארצען נעמט האמערען שנעלער,
עס לויערט די נאכט אויף דעם טורעם,
און אונטען ווערט העלער און העלער.

עס נעמען עלעקטרישע ליכטער
אין פארביגע נעצען פארהילען
די הייזער, געשפאנען און מענשען,
טראמווייען און אויטאמאבילען.

און אלץ דארטען בייט און פארבייט זיך —
די בונטקייט פארבלענדט מיינע אויגען. —
דאס האט א מכשף דארט אונטען
די פארביגע נעצען פארצויגען.

צווישען טאָג און נאַכט

די זון איז פאַרגאַנגען אין מערב,
דער הימעל גליהט גאָלדיג און רויז,
און גאָלדיגע טורעמס זיך שפּיצען
אנטקעגען דעם הימעל ארויס.

עס גליהען, ווי פייער, די פענסטער
און לייכטען און זוניגען שיין ;
עס הילען אין פאַרביגע נעפּלען
קופּאָלען און טורעמס זיך איין.

אָט באלד וועט דאָס אלעס פאַרשווינדען :
דער העלער, דער פאַרביגער שפּיל,
און איך וועל אליין דאָן פאַרבלייבען,
אליין מיט דער נאַכט אין דער שטיל...

## איר וועג

איר וועג פירט איצט מיין הויז פארביי,
און ווען עס קומט דער מאָרגען אָן:
די זון געהט ליכטיג אויף אויף מיינע שויבען
און אויף די בוימער פאר מיין הויז
צעפייפען זיך די וורובליעס,
כאפ איך זיך אויף א זינגענדיגער
אויף מיין געלעגער —
איר וועג פירט איצט מיין הויז פארביי,

איר וועג פירט איצט מיין הויז פארביי.
און ווען עס קומט דער אָווענט אָן:
דער לעצטער זונענשטראל פארגעהט אויף מיינע שויבען,
און ווייט אין גאס פארגעהט
דער קינדער־רויש,
געה איך אין הויז ארום א שוויינענדיגער
און רויכער, רויכער —
איר וועג פירט איצט מיין הויז פארביי.

איר וועג פירט איצט מיין הויז פארביי.
כאָטש זי אליין האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן.

## אין רויך

איך רויכער. און פאר מיינע גרויסע אויגען,
זיך האבען נעפלען פארביגע פארצויגען,
ווי א בונטער רעגענבויגען.

א נעץ פון נעפלען האבען זיך פארצויגען.
און אין די נעפלען איז פאר מיינע אויגען
ווער א ווייסער דורכגעפלויגען.

און פלוצים איז דער נעפעל זיך צעגאנגען,
דער בונטער נעפעל, וואס האט מיך געפאנגען — —
און מיין פייער איז פארגאנגען...

מיר זיצען לאנגע אווענטען אין שטוב אליין
און רעדעןביידע פון פארגאנג'נע טעג,
און פון די טעג, וואָס דארפען קומען ערשט צו געהן
אויף אונזער ביידענס וועג.

אין הויז איז שטיל, נאָר ווען ניט ווען קומט ווער אריין
און נעמט וואָס מיט און געהט צוריק ארויס ;
מיר רעדען ווייטער ווי אזוי ביי אונז וועט זיין,
ביי אונז, אין אונזער הויז.

דו ווייזט מיר בלוי־און ווייסע שטיקעריי פאר וועגט
און טישטיכער, וואָס דו האָסט אויסגענעהט,
איך שווייג, און קוק אויף דיינע קליינע, שמאָלע הענט,
און מורמעל וואָס פון פרייד...

מיר זיצען לאנגע אווענטען אין הויז אליין
און רעדען ביידע פון פארגאנג'נע טעג,
און פון די טעג, וואָס דארפען קומען ערשט צו געהן
אויף אונזער ביידענס וועג.

**ווינטער אווענטען**

קאלט און פראסטיג איז אין דרויסען,
און מיט שנייען זייהט דער ווינט;
לאמיר היינט אין שטוב פארבלייבען,
ביי דעם פייער, מיין שעהן קינד.

מיר פאררינגלען טיר און פענסטער,
מיר פארלעשען ס׳ווייסע ליכט —
ביי דעם ווארמען שיין פון פייער
נעהמט זיך רויטלען דיין געזיכט.

און ווי גאלדיג־רויטע פעדים
ווערען דיינע בלאנדע האר,
און די אויגען ווערען גרעסער,
ווערען מילד און טיף און קלאר.

קוקט דאס פייער מיט זיין רויטקייט
אין די אויגען דיר אריין,
וויגען מיר זיך אין דעם וויגשטול,
וויגען זיך אין רויטען שיין.

## ביים פייער

כ׳זיץ אין ווינשטול ביי קאמין
און איך וויג זיך הער און הין.
קוילען גליהען,
פונקען פליהען
אינ׳ם פייער פון קאמין.

אויף די שויבען נעמט א פראָסט
און דער ווינט אין דרויסען בלאָזט.
צווייגלעך בליהען,
שטערען גליהען
אויף די שויבען פונ׳ם פראָסט.

ווארעם איז ביי אונז אין הויז.
נויג דיין קאָפּ צו מיר אין שויס —
אויגען גליהען,
אויגען ציהען
און דאָס פייעריל געהט אויס.

צוועלף

**לעשט דאָס פייער זיך אין אויוועז**

לעשט דאָס פייער זיך אין אויוועז,
נעמט עס טונקלען אויף די ווענט.
עמיץ איז אין שטוב געוועזן
ווען דאָס פייער האָט געברענט.

איז געזעסען קעגען פייער,
האָט געשמייכעלט און גערעדט;
און מיט בלייכע, ווייכע פינגער
ליב און ציטריג מיך געגלעט. —

לעשט דאָס פייער זיך אין אויוועז
נעמט עס טונקלען אויף די ווענט.
עמיץ איז אין שטוב געוועזן
ווען דאָס פייער האָט געברענט...

איך געה שפאצירען אויף דער וויליאמסבורגער בריק.
אונטען פון דעם וואסער וואקסט אפיר די גרויסע שטאט
און הויבט זיך, ווי א בארג, אויף מיט מיליאנען ליכט און פייערען
הויך אין דער בלויער פריהלינג נאכט אריין.
ליכטיגע פאלאצען, שלעסער, טורעמס
זיך שפיצען ליכטיג אין דער בלויער פריהלינג־נאכט אריין.
ארום מיר רוישען באנען און געשפאנען ליכטיגע פארביי;
ארום מיר רוישען פרויען אין קאלירטע קליידער הער און הין.
ערגעץ אין די ליכטיגע פאלאצען רוהט מיין פרייד.
און אפשר רוישט זי הין און הער אין מיט פון פרויען אום
און איך, פאר איינזאמקייט און בענקעניש
מוז געהן שפאצירען אויף דער וויליאמסבורגער בריק.

## פאַרענדיג

איך פאָר אמאָל אין א טראַמוויי. כ׳בין מיד
און פאָר זיך גלאַט אזוי: עס אַרט מיך ניט
וואוהין און וואו מען פאָרט —
וואוהין כ׳וועל אָנקומען וועט זיין דאָס רעכטע אָרט.

מען פאָרט. דער טאָג איז נעפּעלדיג און שווער.
די שויבען אָנגעהויכט. מען שווייגט. איך הער
נאָר יעדעסמאָל א קלונג: א פּאַסאַזשיר
שטייגט אויס, שטייגט איין, ס׳פאַרהאַקט זיך גלייך די טיר.

מען פאָרט. עס אַרט מיך ניט וואוהין און וואו;
עס קלעפּען שווער זיך מיינע אויגען צו.
כ׳ווער לייכט, און איך נעם פליהען ווייט און הויך
פון זיך אליין דורך נעפּעל און דורך רויך.

איך פליה פון זיך אליין. און איך דערפיהל,
ווי איך ווער לייכטער אלץ, אַרום ווערט שטיל,
און שטיל ווערט טיף אין מיר און לויטער ריין —
כ׳וועל באַלד דערזעהן די לויטערקייט אליין.

אנ'אנדערשמאל: איך פאר און איך בין מיר,
איז פאר איך גלאט אזוי: עס ארט מיך ניט
וואוהין און וואו מען פארט —
וואוהין כ'וועל אנקומען וועט זיין דאס רעכטע ארט.

דאך פארענדיג אזוי, ווען איך דערפיהל,
מען נעה'נטערט זיך צום לעצטען ארט און ציל,
דא ווער איך אומרוהיג: ס'קאכט אויף מיין בלוט,
וואס האט ביז איצט אין הארצען פויל גערוהט.

איך פיהל א שפרונג צו געבען מיט אמאל
דורכ'ן פענסטער אין גאס ארוים און אויפ'ן קול
זיך לאזען לויפען, לויפען אזוי שנעל —
ער ווארט פאר מיר, כ'זאל קומען אויף זיין שוועל.

**איך קום אהיים**

איך קום אהיים צעווישען טאָג און נאכט
פון גרויסען ארבייטטאָג א מידער.
זי קומט אנטקעגען אַן און שמייכעלט ליב
און נעמט פון מיר מיין הוט און ראָק אראָפּ
און גלעט מיט ווייכע הענט מיין מידען קאָפּ
און זעצט זיך לעבען מיר אנידער.

די מאמע שפּרייט א ווייסען טישטוך אויס,
און גרייט דעם טיש דערווייל פאר יעדען.
די קינדער קומען פון דער גאס אריין
און זעצען זיך ארום דעם טיש באלד אויס;
דאָך מיר, וואו אין א ווינקעל פונ׳ם הויז,
מיר זיצען שטיל און רעדען.

ביים טיש

ער איז א ברוגז'ער פון טיש אוועק
און מיט'ן שטול א קלאפ געגעבען
דאס קליינע קינד האט זיך צעוויינט פון שרעק,
וואס איז געזעסען אים דערנעבען.

די מאמע האט געמורמעלט עפעס שטיל,
און האט גענומען ס'קינד פארוויגען.
און ער האט פאר'ן פענסטער זיך געשטעלט
און לאנג און שטיל אזוי געשוויגען.

אבטצען

## פאר'ן הויז

מיר געהעןביידע פון דער שטוב ארויס
און זעצען פאר'ן פענסטער זיך אוועק. —
עס לייכט זיך רויטער שיין פון יעדען הויז
און לאמפען לייכטען זיך ביים זייט פון וועג.

עס געהט ווער דא און דארט אין גאס פארביי...
ביז אין דער ווייט דער לעצטער טראט פארשווינדט,
דערהערט זיך ערגעץ דורך א פענסטער נאך
פארוויגט א מאמע זינגענדיג איר קינד...

נאָך א ווייל און נאָך א ווייל
בלייבען מיר אלץ שטעהן.
יעדער רוהט שוין לאנג אין בעט,
נאָר מיר רעדען נאָך ביז שפּעט —
שווער זיך צו צעגעהן.

האָבען מיר צו רעדען פיל —
איז פאר אונז דער אָוועגט קליין.
רעדען מיר און רעדען מיר
שפּעט ביינאכט נאָך פאר דער טיר —
שווער זיך צו צעגעהן...

## שפעט

איז דער זייגער אזוי שפעט שוין
און דאָס פייער געהט שוין אוים;
טונקעל איז שוין יעדעס צימער,
אונזער צימער לייכט זיך בלויז.

טונקעל איז שוין יעדעס צימער,
פריד און רוה אין יעדען הויז.
וואָס־זשע בלייבען מיר נאָך ביידע
אזוי שפעט ביים פייער אוים...

## דרעה איין דעם ברענענדיגען לאָמפּ

דרעה איין דעם ברענענדיגען לאָמפּ,
אין הויז זאָל טונקעל ווערען;
דרעה איין דעם ברענענדיגען לאָמפּ,
וועט קיינער אונז ניט הערען;
זאָל דורך דעם פענסטער שיינען נאָר
דער הימעל און די שטערען...

## פאר'ן שלאף

ווען די קינדער געהען שלאָפען
און ס'ווערט שטילער אינ'ם הויז,
מאכען מיר דאָס פייער קלענער
און מיר געה'ן פון הויז ארויס.

דרויסען איז א וואר'מער אָוונט,
און מיר געהען זייט ביי זייט —
אויפ'ן הימעל קליינע וואָלקען,
העלע בליצען אין דער ווייט.

שטיל איז שוין ביי אלע שכנים,
רוה און פרידען אומעטום :
און מיר געהען אין דער שטילקייט
פאר דעם הויז אזוי ארום.

רעדען פון די קליינע קינדער,
פון דעם היינט און זיך אליין,
פון דעם מאָרגען, וואָס דאַרף קומען —
ביז מיר דארפען שלאָפען געהן...

## ביינאַכט

### א.

אין צימער איז שטיל און ס'איז טונקעל,
פאַרלאָשען אַרום אַלע ליכט.
דאָס איינציגע ליכט — דיינע אויגען
און קינדישע העלע געזיכט.

דאָס איינציגע ליכט אין'ם צימער,
דאָס איינציגע ליכט — דיינס אַ בליק :
דיין בליק פון די ליכטיגע אויגען,
מאַכט ליכטיג אין צימער צוריק...

### ב.

שלאַנקע און בויגיגע גלידער,
ווייכע און גאָלדיגע האָר,
העלע און ליכטיגע אויגען,
מילד איז דער בליק און איז קלאָר.

העלע און ליכטיגע אויגען,
טיף, ווי די בלויקייט און ברייט —
ציטערט דאָס האַרץ ביי דעם אַנבליק,
ציטערט פון לוסט און פון פרייד...

צוואַנציג דהיי

כאַרבען

נעמט אין דרויסען בלויען
דורך די בלויע שויבען,
נעמט אין דרויסען בלויען,
צו אונז אין הויז אין גרויען.

לעשען זיך די שטערען
דורך די בלויע שויבען,
לעשען זיך די שטערען
און ליכטיגער נעמט ווערען...

א לאַנגע ווייסע האַנט

א לאַנגע ווייסע האַנט,
א קינדיש בלייך געזיכט,
א שעמעוודיגער בליק,
און נאָכדעם א פאַרבאָרג'נער שמייכעל
אויף דעם בלייכען קינדישען געזיכט.

# פארנאכט

נעמט די נעפּעלדיגע זון פאַרשווינדען,
און דער רוישעדיגער טאָג פאַרגעהן,
נעמען רויטע פייערען זיך צינדען
און דער העלער בונטער אָווענט וועהן.

פענסטער, קינאָ־שילדען און לאַמטערען
שיינען בונטע אויף אויף יעדען שריט;
און עס נעמט מיר עפּעס לייכטער ווערען,
לייכטער, פרעהליכער ווערט מיין געמיט.

בונטע נעפּלען אויף דער שטאָט זיך שפּרייטען,
כ׳געה שפּאַצירען אויף דער בריק אַרויף;
און מיך נעמט אַ העלע פרייד באַגלייטען,
ווען די האָדסאָן־ברעגען לייכטען אויף.

### אין גאס

העלע לאנגע גאסען,
בונטע שילדען, פענסטער און לאמטערען ;
און דער לייכטער רויש פון זיידענס,
און פון אויטאָס און געשפאנען
רוישען אין די העלע, לאנגע גאסען.
גאָט פון ליבע, זינד און שעהנקייט
רוישט אין העלע, לאנגע גאסען.

## א גרויסער קעלער

א גרויסער קעלער, א האלב־טונקעלער.
עס ברענען קליינע לעמפלעך מאט־רויט אויף די ווענט ;
און אויף די טישלעך אלט־צעבראכענע
זיך מישען אוים אינאיינעם שמוציג גראבע הענט.

עס בייטען קארטען זיך פון האנט צו האנט.
פארשידען זילבערגעלד קלינגט אויפ׳ן טיש ארום ;
און אלטע מויד, א ווילד־צעלאזענע
פון איינעמ׳ם שוים אין צווייטענס — קוויטשענדיג לויפט אום.

מיט כעס לאזט ווער א גלאז ארוים פון האנט.
עס קארטשען פינגער זיך אין פויסטען שטארק צונויף ;
מיט ווילדקייט קוקען אלע זיך ארום, —
און קרעכצענדיג אין ווינקעל כאפט זיך איינער אויף...

ס׳שאַרט ווער זיך דורך דער קעלער־טיר אַריין —
גלייך שטעלען אַלע גיריג זיך אַרום אים אויס ;
ער פּאַקט אויס אַלעם פון די קעשענעס, —
און שאַרט זיך דורך דער קעלער־טיר צוריק אַרויס...

אַ גרויסער קעלער, אַ האַלב־טונקעלער.
עס ברענען קליינע לעמפּלעך מאַט־רויט אויף די ווענט ;
און אויף די טישלעך אַלט־צעבראָכענע
זיך מישען אויס אינאיינעם שמוציג גראָבע הענט...

## עס וויינט מיין בלוט

עס וויינט מיין בלוט אין אלע מיינע גלידער,
א בענקעניש נאָך וואָס וואכט אויף אין מיר;
דער רויש אין קלאנג פון מיידלעך און פון לידער,
פון שטאָטיג־בונטע אָוועגטען וואכט אויף אין מיר.

איך געה אוועק אין רויש פון די טראַמווייען,
פון מענשען, אויטאָס, ליכט אויף יעדען טראָט.
אין מיינע בלוטען רוישען די געשרייען,
וואָס פילען אָן די רוישיג־גרויסע שטאָט.

## אויף דער בריק

איך שטעה בייט פארענטש פון דער בריק אנגעלעהנט,
מיין בליק בלאנזשעט אום אין דער נאכט.
עס האבען די נעפלען פארצויגען די שטאט,
דעם הימעל, די ערד און די נאכט.

עס רוישען געשפאנען און באנען פארביי,
ס'פייפט אונטען א שיף אין דער נאכט,
און בלאנזשעט און זוכט וואס אין נעפעל ארום,
אזוי ווי מיין בליק אין דער נאכט.

דרייפיג

## איטאַליענער

דרויסן איז אַ וואַרעמער ווינטערטאָג.
איך זיץ אַ רוהיגער ביים פענסטער
און זעה:
אנטקעגנאיבער אין דער גאַס
גראָבט מען, בויט מען און מען מויערט.
ברוינע און פאַרשוואַרצטע איטאַליענער
אין צעריס'נע, בלויע און אין געלע
אַרבייט קליידער און אין פאַרטיכער
שלעפּן גרויסע, גרויע, שווערע שטיינער:
מען לייגט דעם פונדאַמענט.
דער אינזשעניר
באַפעלט און רעדט און ווייזט אַן דאַ און דאָרט.
(עס ווערט קיין ציגעל ניט פון אָרט גערירט
אָהן עמיצענס באַפעל).
און די ברוינע און פאַרשוואַרצטע איטאַליענער
רויכערן די ליולקעס, אַרבייטען און שווייגען.
שווייגען, טראַגענדיג אין זיך פאַרבאָרגען
די ביינקשאַפט צו דעם זוניגען און וואַרמען זומערלאַנד.

ערנעז, אין דעם זוניגען און ווארמען זומערלאנד
ווארטען פעלדער ניט צעאקערטע,
ווארטען, גליהענדיג פון רייפקייט,
ווייטע פּאָמעראנצען־גערטנער;
אפשר ווארט אויך דאָרט א ווארעם הארץ,
וואָס בלוטיגט שטיל פון בייִנקשאפט
אויף די ברוינע און פארשווארצטע איטאליענער
אין צערים'נע, בלויע און אין געלע
ארבייט קליידער און אין פארטיכער,
וואָס שלעפּען גרויסע, גרויע, שווערע שטיינער
בויענדיג פאר פרעמדע אין דעם פרעמדען לאנד
רויכערען די ליולקעס
און שוויינען.

דרויסיג צוויי

איך שאָפ

אָ, הארציגער פאָטער —
אזוי ווי א חלום ביים אויפשטעהן פארשווינדט,
אזוי ווי א וואָלקען פארשווינדט מיט'ן ווינט,
אזוי ווי א רויך אין די וואָלקען צערינט,
אזוי ווי א שטערען פון הימעל פארשווינדט
און קיינמאָל ניט מערער זיך צינדט,
אזוי ווי א לויפענדיג וואסער פאררינט,
און קערט זיך מער קיינמאָל ניט אום —
אזוי זאָל פאררינען, פארשווינדען
מיין לאנגער און רוישיגער טאָג...

### אין א רעגענדיגען אווענט

קיינער קומט און קיינער געהט.
און דער רעגען געהט און געהט,
און דער ווינט אין פענסטער וועהט. —
קיינער קומט און קיינער געהט.

קיינער קומט און קיינער געהט.
הארציג זיינען דיינע רייד,
הארציגער איז אונזער פרייד,
און דער רעגען געהט און געהט...

ליגסט די מידע קינדער שלאָפען

ליגסט די מידע קינדער שלאָפען,
וויגסט זיי איין און זינגסט זיי צו;
און איז הויז פארשפרייט זיך דעמאָלט
דיין פארוויגענדיגע רוה.

אויף די פינגער־שפיצען געהסטו
אין דעם שטילען הויז ארום;
זעצסט זיך לעבען מיר אנידער
און דערצעהלסט מיר ליב און פרום

— פון דעם הויז און פון די קינדער
און דיין אויג לייכט אויף פון פרייד.
וויגען זיך אויף מיינע ברעמען
דיינע וויגענדיגע רייד.

גאסען, אלייען און גערטנער,
מענשען, טראמווייען און פערד.
גען איך, און וואס אמאל לייכטער
ווערט אלץ מיין טראט אויף דער ערד. —

מיר האט עס לאנג שוין דערעסען:
העלע באלויכטענע טעג,
שענקען, קאפייען און פארלארס,
קעלנער אין טונקעלע פרעק.

לידער, געזאנגען און קולות,
טעגליכע זארגען און פרייד;
אלטע באקאנטע, חברים,
זייערע ווערטלעך און רייד.

העלע פארפירערשע אויגען,
שטילע און שלעפריגע רוה;
זיצען מיט פריינד ביז עס קלעפּען
מידע די אויגען זיך צו...

מיר האָט דאָס לאנג שוין דערעסען,
איצט ציהט די פרעמד מיך אוועק;
מענשען, אלייען און גערטנער —
ווייט אומבאקאנט איז דער וועג...

### אין פעלד

די זון איז פארגאנגען. דער הימעל איז רויט.
און איבער די פעלדער דער אָוועגט ווינט וועהט,
און איבער די פעלדער א וואר'מע —
די זומערנאכט געהט.

די זון איז פארגאנגען. מיר זיצען אין פעלד.
און איבער אונז וויגען די גראָזען זיך אום.
און איבער אונז פליהען און גליהען
גליהווערים ארום.

די זון איז פארגאנגען. די זון איז פארגאנגען.
און איבער אונז געהט אויף דער נאכטיגער שיין,
און איבער אונז קומט אזא מידקייט
און שלעפערט אונז איין.

**דרייסיג אכט**

**פענסטער**

אויף דעם פענסטער ווערט דער לעצטער שטראל צערונען
פון דעם רויטען זונענאונטערגאנג :
דורך דעם פענסטער ווערט דער ערשטער קלאנג פארנומען
פון דעם תפילה'דיגען נאכט-געזאנג.
דורך דעם פענסטער קומט די שטילע נאכט צו פליהען
און נעמט צינדען רויטע פייערען, וואס גליהען
דורך די פענסטער אזוי אומעטיג און באנג...

אין דער ווייטער ווייטקייט

אין דער ווייטער ווייטקייט בליצט,
קליינע וואָלקען ציהען.
און דער ווינט אויף די ביימער רוהט —
און די וואָלקען ציהען.

אויף די גראָזען רוהט דער טוי,
פייער־פליגען פליהען;
פון די גראָזען לייכט דער טוי,
דיינע אויגען גליהען.

פּערציג

## פאַרנאַכט

איך האָב די זון אַ גאַנצען טאָג היינט ניט געזעהן,
די וואָלקען האָבען איבער וואָלקען זיך געצויגען,
און זיינען דאָך אין ערגעץ ניט אַוועקגעפלויגען —
איך האָב די זון אַ גאַנצען טאָג היינט ניט געזעהן.

אין גאָרטען זיינען ווייניג מענשען היינט געווען.
די פייגעל האָבען נאָר געשריגען אַלץ אויף רעגען
האָנאָראַ אָבער איז ווי שטענדיג אויף די וועגען
שפּאַצירען זיך געגאַנגען מיט איהר זונענשירעמעל.

איצט ווערט עס לויטערער אַביסעל אין דער הויף.
די קאָניע־שינע בלעטלעך מאַכען זיך שוין צו.
און איך דערפיהל זיך לייכטער געהענדיג אין גאָרטען —
ס'איז פאַרביגער זונאונטערגאַנג ס'מוז ערגיץ זיין.

קאניע־שינע בלעטלעך

זיי זיינען דריי.
און נעמט עם אוועקנעמען,
פארמאכן זיי זיך אלע דריי.
צוויי — איינס אנטקעגן צווייטן,
דאס דריטע,
ווי א דעכעלע אריבער זיי.
אזוי פארמאכן זיך
קאניע־שינע בלעטעלעך
פארנאכט אין פעלד.

פערציג צוויי

## אווענט

נפתלי, מאָרגען וועט שעהן וועטער זיין.
דער רויך, וואָס הויבט זיך פון דעם קוימען אויף,
געהט, ווי אַ ווייסער זייל צום הימעל גלייך אַרויף. —
מאָרגען וועט שעהן וועטער זיין.

מאָרגען וועט האַנאָראַ און איר פּאַטער'ס גאָרטען
מיט איר שוועסטערעל שפּאַצירען געהן;
אַ העל־רויט שירעמעל וועט זי באַשירעמען
פון זון, און רויטלען איהר געזיכט.

זי וועט אין זאמד באַמערקען דיינע טריט
און פאַרביגער וועט ווערען איהר געזיכט.
און פאַר איר שוועסטערעל וועט זי זיך וואונדערען;
— ס'אַ רויטקייט פאַלט פון שירעמעל אויף אונז.

**פערציג דריי**

הערבסט

די ברוינע בלעטער פאַלן. ס'פעלד ווערט געל,
און קילער ווערט די וועטער־לופט און העל;
די פעלדער־שווערער, מאַטער דער קאַליר,
און איך אַליין — אויך רוהיגער ווי פריה'ר.

דאָס וועטער

דאָס וועטער פּאַסט צו מיין געמיט זיך צו.
אין גרויען נעפּעל ליגט די גאַנצע געגענד,
א דינער, שווערער רעגען רעגענט, רעגענט;
דאָך אונטער דעם שפּראָצט אויף פון זיך אַליין
אזויפיל בליטען קאָלאָרירט און שעהן —
דאָס וועטער פּאַסט צו מיין געמיט זיך צו.

### ווייט ביז דעם ברעג פון דעם האָדסאָן...

ווייט ביי דעם ברעג פון דעם האָדסאָן
ליגען צעזייהט און צעשפּרייט
בונטען מיט פייערען רויטע, —
רויזען פיעל הארבּסטיג און רויט.

פייערען רויטע, ווי רויזען,
רויטע, ווי אויגען פון ווייז,
ברענען און לייכטען און גליהען
רויט אין דער טונקעל אריין.

בונטען מיט פייערען רויטע,
ווייט ביי דעם האָדסאָן צעשפּרייט,
ברענען און לייכטען און גליהען
רויט ווי מיין לייד און מיין פרייד.

וואס רוישיגער...

וואָס רוישיגער דער העלער טאָג פאַרגעהט,
וואָס פאַרביגער דער אָוונט זיך פאַרשפּרייט,
וואָס בונטער פענסטער, שילדען שיינען אויף
פון קינעמאַטאָגראַפען און קאַפּייען,
אַלץ ליכטיגער און ליבער שיינט מיר אויף
די איינזאַמקייט פון דאָרף־אַלייען;
אַלץ ליכטיגער און ליבער שיינט מיר אויף
די שטילקייט און דער מאַטער אָוונטשיין
אין ווייטע דאָרף־אַלייען,
נשמה מיין.

פערציג זעקס

פילאדעלפיא

פאר מיר איז געפאלען דער ריז
מיט'ן פנים צו דר'ערד,
די הענט אויסגעשטרעקט,
די לאקען, וואס האבען זיין רוקען באדעקט
צעווארפען אריבער זיין קאפ.
און איך בין געשטאנען פאר אים
א פרעמדער, וואס בין פון דערווייטען געקומען.
געקוקט אויפ'ן ריז, וואס איז געלעגען פאר מיר,
געקוקט :
אט, אט און ער וועט זיך א הויב טון,
א טרייסעל דעם קאפ אויף צוריק,
די אויגען האלב ווילד און האלב מילד,
די ליפען —
ווי ער וואלט פון וועהטאג זיך קרימען :
„פרעמדער, זעה איך בין געשטרויכעלט געווארען,
זעה איך בין געשטרויכעלט געווארען,
ווען איך בין געקומען פון ווייטען
אריבער די בערג און די פעלדער, —

פערציג זיבען

זעה, איך בין געשטרויכעלט געוואָרען,
און איצט ליג איך דאָ
איז שטויב און אין שמוץ אויסגעצויגען אויף דר'ערד, *
און איבער מיר פויזן די טעג און די נעכט
ווי טויטע ארום איבער מיר,
ווי דער אומעט ביי מיר אין מיין בלוט...
זעה, איך בין געשטרויכעלט געוואָרען,
ווען איך בין פון ווייטען געקומען.

**אין נעפּעל**

אַז וואָס דערמאָנט מיך ס'הייזעריגע ברומען פון אַ שיף ביינאַכט?
דאָס הייזעריגע ברומען פון אַ שיף ביינאַכט
דערמאָנט מיך:

אַ גרויסער, ווייסער נעפּעל
און אונזער שיף אין מיט.
וואָס ברומט אַ יעדע רגע,
און שלעפּט זיך טריט ביי טריט.

און מיר, ווי קליינע קינדער,
ביי די פאַרענטשעס שטעהן:
מיר קוקען אינ'ם נעפּעל
מיט שרעק פאַר זיך אליין.

מיר זיינען אלע פרעמדע
אין לשון און פון לאנד.
דאָך זיינען מיר פאַראייניגט
פון איין געהיימער האנט.

**פערציג ניין**

מיר קניהען און מיר בעטען,
א יעדער אויף זיין שפראך,
צו א י י ן גאָט — אונזער פאָטער
זאָל איבער אונז זיין וואך.

און זאָל די שיף אין נעפּעל
גלייך פירען אויפ'ן וועג:
און זאָל אונז אלע ברענגען
וואָס גיכער צו א ברעג.

איז אירע טונקעל־ברוינע אויגעז...

אין אירע טונקעל־ברוינע אויגען רוהט
מיין בענקעניש פון צווישען טאָג און נאכט ;
אין אירע טונקעל־ברוינע אויגען רוהט
מיין שטילע פרייד, וואָס צינדט אין מיר מיין בלוט.
און וויינט פון וועה א' יעדע נאכט.

איך ליג אַ רוהלאַזער...

איך ליג אַ רוהלאַזער אויף מיין געלעגער,
מיין האַרץ איז אומרוהיג און שווער.
עס לויערט עמיצער פאַר מיין געלעגער
און וויגט זיך אומרוהיג הין־העך.

דער אומרוה לויערט עס פאַר מיין געלעגער
און וויגט זיך אומרוהיג און שווער;
דער אומרוה פון מיין אייגען האַרץ און בלוט
וויגט אומרוהיג זיך איבער מיר הין־הער...

שנײ

דער טאָג איז גרוי און טונקעל,
די וואָלקען הענגען שווער.
עס וועט די נאַכט ווער קומען
א ליכטיגער אהער.

וועט איבער אַלע גאַסען
און איבער יעדען בוים,
פארשפרייטען און פארברייטען
זיך לייכט און ווייס ווי שוים.

וועט פאַלען און וועט שטראַלען
מיט העלען, בלויען שײן;
וועט פאר די גאַס־לאַמטערנעס,
ווי שמעטערלינגען זײן.

דער טאָג איז גרוי און טונקעל,
די וואָלקען הענגען שווער.
עס וועט די נאַכט ווער קומען
א ליכטיגער אהער.

## דו ביסט פאַר מיר

דו ביסט פאַר מיר אַ ווייס נשמה ליכט
אין ווינקעל פון מיין הויז;
דו ביסט פאַר מיר אַ ווייס נשמה ליכט,
דו לייכסט פאַר מיר,
ווען איך גערה אוים
פאַר דיר אין ווינקעל פון מיין הויז,

**פופציג פיר**

דאָ איז מיין איינזאמקייט.

## מיין אפבילד

דאָ אין מיין איינזאמקייט
געהט ער מיר אָפּטער פאַרביי:
דאָ אין מיין איינזאמקייט
זעה איך אים ליכטיגער,
זעה איך אים לויטערער
אויפגעהן פאַר מיר.
דאָ אין מיין איינזאמקייט
לייטער מיך לויטערער,
איך זאָל אזא ליכטיגער
דאַ אין מיין איינזאמקייט
אויפגעהן ווי דו.

איז שטילער צער...

אין שטילען צער און לייד
זיך לייטערט מיין נשמה;
אין שטילען צער און לייד
פארצערט זיך מיין נשמה.
און שטיל אין שטיל געבעט,
א לויטערע, א ווייסע
פון לויטער צער און לייד,
וועט אויסגעהן מיין נשמה...

פופציג אבט

## גאָט'ס וועגען

איך זוך דעם וועג צו דיר און בלאָנזשע,
איך ווייס אליין ניט וואו צו געהן.
דאָ גרינעז פעלדער, וועלדער, גערטנער,
דאָ בליהען בלומען בונט און שעהן.

דאָ פאלען הויכע וואסערפאלען
פון פעלזען אין דעם טאָל אריין;
און טייכען וואסערען זיך ציהען
אנטקעגען העלען זונענשיין.

דאָ געהען מענשען האנדלען, וואנדלען,
און דאָ — באארבייטען גאָט'ס ערד.
דאָ רופען גלעקער אין די טעמפלען
און דאָ — דער רויש פון באן און פערד.

פופציג ניין

און אַלץ פאַרפירט מיך און פאַרשטעלט מיר
דעם וועג, וואָס פירט צו דיר אַליין.
איך זוך דעם וועג צו דיר און בלאָנזשע,
איך ווייס אַליין ניט וואו צו געהן.

איך זאָג צו זיך: גאָט׳ס וועגן זיינען
אי דאָ, אי דאָרט, אי אומעטום,
גאָט׳ס וואונדערבאַרע וועגן זיינען
אוואו דו זוכסט אים נאָר אַרום.

דו טו אזוי

דו טו אזוי, דיין טאַט זאָל פאַר דיר זיין,
ווי פאַר פארבלאָנזשעטע ביינאַכט א שיין;
דיין טאַט זאָל זיין ווי א דערהויבונג ליכטיג, ריין,
צו וואָס דו זאָלסט דערהויבן זיך אַליין.

## צו...

מיר טרעפען זיך צום ערשטען מאָל צונויף,
צום ערשטען מאָל האָב איך געדריקט דיין האנט,
דאָך ביסטו מיר מיט יעדען ריר באקאנט
גלייך כ׳וואָלט דיך ערגיץ וואו שוין פריהר געזעהן.

ווער ווייסט, ווער ווייסט, אפשר האָבען מיר זיך שוין
ערגיץ אין אנ׳אנדער וועלט געזעהן.

### איך ווייס ניט

איך ווייס ניט ווי אזוי אָט דאָס געשעהט:
געהסט פלוצים אויף פאר מיר פון זיך אליין, ווי ס׳געהט
א גרויסער פלאם ביינאכט, א פארביג ליכט
אין ווייטען פעלד אויף אומגעריכט.

### איך האָב געבייינקט

איך האָב געבייינקט נאָך דיר פון קינדווייז אָן.
עס איז דיין וואָרט פאר מיר געווען — א פאָן,
וואָס האָט געפלאַטערט אויף מיין ווייטען וועג,
און האָט דערמוטיגט מיך אין שווערע טעג.

זעכציג דריי

### וואו רוהט דער ווינט...

וואו רוהט דער ווינט ווען ער וועהט ניט ?
וואו רוהט דער וואַנדערער ווען ער געהט ניט ?
און וואו וועסטו אמאָל רוהען, נשמה מיין,
ווען איך וועל דאָ מער ניט זיין ?

מיין פריינד

דו רעדסט; איך שווייג.
דיין יעדעס וואָרט איז הארט און שווער
און טוט מיר אזוי וועה,
און דאָך אזוינע הארטע רייד
קען ריידען נאָר א פריינד,
מיין גוטער פריינד...

ער האָט אַרומגעשפּאַנט אין הויז

ער האָט אַרומגעשפּאַנט אין הויז ביי מיר
און האָט מיר וואָס דערצעהלט.
זיין טראָט, זיין בליק און זיינע רייד
מיך האָבען נאָר געקוועלט.

און ווען איך בין אַוועק האָב איך
אים נאָכגעקוקט נאָך לאַנג;
געטראַכט פון אים, פון זיינע רייד
און פון זיין בליק און גאַנג.

וועלוויל זעקס

פּאַר'ן טויער

נאַס און טונקעל איז אין גאַס
און עס וועהט אַ ווינט מיט קעלט.
פאַר דעם טויער פון'ם הויז
האָט זיך עמיץ אָפּגעשטעלט.

קלאַפּט אָן דריי מאָל אין דער טיר,
קלינגען קלעפּ אָפּ אין דער נאַכט;
דאָך עס ענטפערט קיינער ניט,
און דער טויער בלייבט פאַרמאַכט.

שטעהט ער נאָך אַ ווייל און קוקט
אויף דעם נומער פון דער טיר;
זאָגט דעם נומער איבער שטיל
און פאַרשרייבט אים אויף פּאַפּיר...

## ער.

I.

ער קומט א לויטערער פון ווייט צו געהן,
זיין אויסזעהן—שלאנק און בלייך, זיין בליק איז ריין.—
און וואו ער קומט דארט ברענגט ער מיט זיך מיט
די אויסלייזונג, די שטילע רוה און פריד.

II.

ווער קען פארנעמען זיינע ווייטע טריט,
וואס הערען זיך ווי א פארקלונגען ליד
צעווישען טאג און נאכט ?

III.

ער קומט. זיין טראט איז לייכט און גרינג,
און ווי א יונגער הירש געשיקט און פלינק ;
זיין טראט איז לייכט, ווי ס'פאלען פון דעם צווייג—
אז וואויל איז דעם, וואס קען פארנעמען זיינע טריט.

זעבציג אכט

### ער איז אזוי הויך

ער איז אזוי הויך, אזוי שלאנק ווי א פאלמע,
און איז אזוי צארט, אזוי בלייך ווי דער מארגען,
און אין זיינע גרויסע און ברעניגע אויגען
דארט טראגט ער דעם וועה פון דער וועלט טיף פארבארגען.

און מיר אלע זיצען ארום אים צופוסען
און דורשטען זיין שטים און זיין ווארט צו פארנעמען...
די ווערטער וואס טרייסטען, די שטראפרייד ווי קללות
און ווערטער, וואס בעטען און ווארענען ווענען.

געבעטען און תפלות, געזאנגען און שירים,
וואס גרויסען און לויבען דעם אויבערשטענס נאמען...
און מיר אלע זיצען ארום אים צופוסען
און זאגען אינאיינעם ווי איינער נאך אמן...

עפּעס פּלאַטערט אין דער לופטען,
ווי דער פלאַטער פון אַ פאָן;
ווי אַ קייקלענדיגער דונער,
איידער ס׳קומט דער שטורעם אָן.

עפּעס טראָגט ארום אַ ווינטעל
און פאַרשפּרייט עס ווייט און ברייט.
און עס קלאַפּט דאָס הארץ און ציטערט,
ווי פון מורא און פון פרייד...

## שליחות

געקומען איז איינער צו רייטען
פון ווייטען און ווילדען גאלאפ,
א קנעכט איז געקומען פון ווייטען
און איז פאר דעם טויער אראפ.

געבראכט האט ער נייעס פון ווייטען —
און מיט א געבויגענעם קאפ,
מיט איהם האט א צווייטער זיך רייטען
אין ווייטען געלאזט אין גאלאפ.

דאָס פאָרהאַנגעל פון פענסטער איז פארצויגען,
דער שפּיגעל איז מיט שווארצען טיול פארדעקט.
און עמיצער אין טרויער איינגעבויגען
אהין, אהער זיך אין דער שטוב באוועגט.

ער ליגט אין מיטען שטוב. פון שווארצע ראמען
זיך זעהט ארוים זיין געל און טויט געזיכט;
און אים צוקאָפּענס טאָפּען זיך אין פלאמען
צוויי גרויסע ברענענדיגע חלב־ליכט.

פון ווייטען קומען שפּעטע אווענט־קלאנגען
שטיל שטארבענדיג צו אונז אין שטוב אריין.
און עמיצער אין טרויער טיף געפאנגען
באוועגט זיך שווייגענדיג אין אווענטשיין.

## אַרום אים

מיט זיצען אַרום אים געבויגען און שווייגען,
און האַלטען די אויגען פאַרדעקט.
ביים פענסטער זיך עפּעס באַוועגט —
עס וויגט דאָרט אַ ווינט ביי דעם פענסטער די צווייגען.

מיר זיצען אַרום אים געבויגען און שווייגען.
אין אַנדערען צימער זיך וועקט
דאָרט עמיץ פון שלאָף און זיך שרעקט. —
עס רוישט ביי דעם פענסטער אַ ווינט אין די צווייגען.

איך הויב זיך אויף און געה צום פענסטער צו
און ציה דאָס שווארצע פאָרהאנגגעל אוועק.
אין גאַס איז שטיל, דאָך הערט זיך וואו־ניט־וואו
דער רויש פון פערד און רעדער אויפ׳ן וועג.

עס גרויט אויף מאָרגען ערגעץ אין דער ווייט,
א קילער ווינטעל לויפט פארביי דאָס הויז.
און אויפ׳ן בלויען הימעל איינציגווייז
זיך לעשען דאָ און דאָרטען שטערען אויס.

איך געה פון פענסטער שוויינענדיג אוועק
און שטעל זיך לעבען אים אזוי און שטעה,—
אין צווייטען צימער ווינט ווער שטיל פון שלאָף,
און עמיצער זיך ברעכט די הענט פון וועה...

### אין דער נאַכט

ווער האָט אים בײַ דער נאַכט פֿון אונז אַוועקגענומען
ווען ער געשטאַנען איז אויף וואַכט?
ווער האָט אים בײַ דער נאַכט פֿון אונז אַוועקגענומען
און אונז אַליין געלאָזען אין דער נאַכט?
ווער האָט אים בײַ דער נאַכט פֿון אונז אַוועקגענומען —
און ווער, אַך ווער וועט איצטער אונז כאָטש טרייסטען קומען,
אונז עלענדע בײַנאַכט?..

## אַז איך וועל שטאַרבען

אַז איך וועל שטאַרבען :
גראַבט מיין קבר אָפּגעזונדערט פון די אַנד'רע קברים :
און ווען דאָס פאָלק וועט אויף מיין קבר קומען,
זאָל מען ניט באַדאַרפען טרעטען אויף די קברים פון די אַנדערע,
כּדי די אַנדערע ניט צו פאַרשעמען.

## א גוט, גוט, גוט,

אַלץ איז גוט :
דער זומער, דער ווינטער, דער שניי און דער רעגן,
די וואַרעם און די קעלט.
גוט, אַלץ איז גוט :
די מענשען און די חיות,
און דאָס, וואָס מענשען רופען :
קליין, גרויס,
גוטס, שלעכטס,
אויך דאָס איז גוט.
גוט,
גאָט זאָל נאָר געבען :
דער כישוף׳קרייז
אין וועלכען איך בין איינגעקרייזט
זאָל ווערען אָפּגעטון פון מיר,
איך זאָל זיך קענען אַרויסהויבען
איבער זומער און ווינטער,
איבער שניי און רעגן,
איבער מענשען און איבער חיות
און איבער דעם, וואָס מענשען רופען :
קליין, גרויס,
גוטס, שלעכטס, —
גאָט זאָל געבען.

מיין געבעט

אַמאָל: ווען איך דערפיהל ווי נישטיג קליין
ס'איז יעדערער ארום און איך אליין,
דאַן בעט איך: מאַך מיך פאַר דעם בארג,
מאַך מיך פאַר דעם וועג, וואָס פירט צום בארג,
אז יעדערער זאָל קענען געהן און זעהן
דיין גרויסקייט און דיין ליכט;
אז יעדערער זאָל קענען געהן דערקענען זיך אליין.
מאַך, אז איך זאָל דאָ כאָטש עפּעס זיין.

**דער נייער דור**

איך שעם זיך ניט פאַר קיינעם. איך טראָג הויך מיין קאָפּ
און לאָז פאַר קיינעם מיינע אויגען ניט אראָפּ.
די אונטערטעניקייט, וואָס האָט גערוהט
אין מיינע אבות׳ס אָדערען און בלוט
פיל דורות — האָב איך באפרייט אין מיר.

**אכטציג אויגס**

## ביים ברעג

מיר זיצען אויף דעם ווייסען זאמד פון ברעג
און ווערען אפגעברענט פון זון און ווינט
און מערקען ניט ווי ס'שווינדען אונז'רע טעג
אויפ'ן ווייסען זאמד ביים ברעג.

און זעהען מיר: די מעווען אויסגעשפרייט
איבער דער הויך פון ים ביים ווייסען ברעג,
מיר ווערען ווי די קינדער ווילד פון פרייד
אויפ'ן ווייסען זאמד ביים ברעג.

מיר ווארטען: א ווייסע שיף וועט אונז דער ווינט
אנטקעגען זונשיין ברענגען צו דעם ברעג,
און פון דער שיף וועט ער זיך ווי א קינד
אנטפלעקען אונז אין זון און ווינט
אויפ'ן ווייסען זאמד ביים ברעג.

מיר האָבען געאַנקערט די שיף

מיר האָבען געאַנקערט די שיף
און זיינען אַראָפּ אויפ׳ן ברעג.
מיר זיינען אַוועק פון דער שיף —
און פרעמד איז געווען אונז דער וועג.

מיר האָבען געבלאָנזשעט אין וועג
און האָבען געבענקט צו דער שיף.
דאָך ווייט איז געוועזען דער ברעג,
וואו מיר האָבען געאַנקערט די שיף...

אבשציג דרויז

## א.

נעהען מיר ביידע צוזאמען,
געהען און ווייסען ניט וואו.
ווייט, ערגעץ ווייט איז פאראַנען
לאַנד נאָך פון פריד און פון רוה.

ווייט איז אַ לאַנד נאָך פאראַנען —
ווייסען מיר אָבער ניט וואו.
פיעל זיינע וועגען פאראַנען —
וועלכער, אַ, גאָט, פירט צו רוה?...

ב.

געהען מיר ביידע צוזאַמען,
געהען — וואו ס׳פירען די טריט.
לענדער און מענשען פאַרשווינדען,
ס׳געהען די שטערען נאָר מיט.

לענדער און פעלדער און מענשען
הילען אין נעפּלען זיך איין ;
אייביג נאָר וועלען די שטערען
העלע און ליכטיגע זיין.

מיר בעטען

מיר בעטען אין מאָרגען ביים אויפשטעהן,
מיר בעטען פארנאכט פאר'ן לעגען:
אָ, הארציגער פאָטער אין הימעל,
דו זיי אונזער פירער בייטאָג אויף די וועגען,
דו זיי אונזער היטער ביינאכט אינ'ם דרימעל.

מיר זיינען דאָך וואנדערער שטענדיג
אויף פרעמדע, פאַרוואָרפענע וועגען,
און וואו עס באגעגענט די נאכט אונז,
דאָרט געהען מיר שלאָפען זיך לעגען.
מיר בעטען אזוי פאר'ן שלאָפען:
אָ, הארציגער פאָטער אין הימעל,
דו זיי אונזער פירער בייטאָג אויף די וועגען,
דו זיי אונזער היטער ביינאכט אינ'ם דרימעל...

אכטציג זעקס

אויף די שיידע־וועגן
לויערט עמיץ צו פארפירען.
אויף די שיידע־וועגן
קאָנען וואנד׳רער זיך פארלירען.

כ׳בין א וואנד׳רער שטענדיג —
קום איך צו די שיידע־וועגן.
גאָט, באהיט מיך שטענדיג,
ווען איך קום צו שיידע־וועגן...

**מידקייט**

מידע קלעפּען זיך די אויגען מיינע צו,
מידע טוליען מיינע גלידער זיך אין רוה.
און איך פיהל: איך נעם זיך וויגען, וויגען, וויג,
און איך פיהל: זיך וויגענדיג אהין, צוריק,
נעם איך פליהען, פליהען אזוי לייכט און גרינג
איבער וועלדער, איבער בערג און טייכען,
הויך די הויכקייטען נאר צו דערגרייכען,
צו די הויכקייטען זיך צו דערהויכען,
פליה, נשמה מיינע, פליה...

**אבטציג אבט**

הערבסט

ווי אומעטיג עס ווערט אמאָל
צו זיצען אין דעם צימער
מיט די אָפּגעוועלקטע צווייגען אויף דעם פענסטער.
פון אַלע ווענט
און פון דעם הערבסטטאָג דורך די פענסטער
מיט די אָפּגעוועלקטע צווייגען
קריכט דער אומעט אינ'ם הארץ אריין ;
און פון וואָס מען זאָל ניט טראַכטען
ווערט אומעטיג אזוי....

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א כישוף'מאַכער האָט פאר'כישופ'ט מיך
און אויסגעשפרייט פאר מיר זיין בונטע כישופ'נעץ ; —
דער רויש פון ים אין מיינע אויערען,
פאר מיינע אויגען — ווייסע כוואַליעס,
איינע העכער פון דער צווייטער,
ניט אַ וואַרף זיך אויף דעם געלען ברעג.

גינזבורג איינס

א שפּאַצירגאַנג ביי דעם ברעג פון ים
אויף מײַלעגוויַט:
אויף ביידע זייטען
פינף לאַמפּיגע לאַמטערענס,
ווי א ליכטיגע אליי אויף מײַלענוויַט.
און איך אין מיט פון אלץ.
— האַנאַראַ,
מיר האָט דערעסען
די האַלב־נאַקעטקייט,
דאָס ברענען זיך אַנטקעגען זון,
די שטופּ־וועגעלעך,
און יעדען טאָג צו שפּילען „סקי־באָל“.
— טולינקע, פאַרבלייב נאָך דאָ,
דער זומער איז שוין באלד צו ענד,
דער טאָג ווערט איצט פיל לויטערער און שענער,
און בלויער נאָך די נאַכט,
און מענשען זיינען אויך שוין פיעל ניטאָ.
— — — — — — — — — — — — — —
א קינדיש רונד געזיכט
מיט בלויע אויגען,

אַ בוגיג־שלאַנקער קערפּער
מיט דינע פּיינע פּיס,
ווי צוויי באַקאַלען,
אַ הויב צו טאָן זיי אין דער הויך
און טרינקען, טרינקען
ביז ניט צו ווערן אין דער כישוף׳נעץ,
וואָס ס׳האָט דער כישוף׳מאַכער
פּאַר מיר אויפגע׳כישוף׳ט
אין אַזאַ הערבסטיג־אומעטיגן טאָג.

דאָס ליד פֿון דאַבושען

איך בין דאַבוש, דער רויבער פון די בערג.
ווערט ערגיץ וואו א הערט פון שאָף פארברענט,
צי ווערט פארפאַלען ווער — איז דאָס די ווערק
פון מיינע רויבערישע הענט.

איך בין דאַבוש, דער רויבער. אין געשלעג
האָב איך נאָך קיינמאָל גאָרניט ניט פארשפּילט ;
איך האָב אויך קיינמאָל ניט אויף מיין געיעג
פאַרפעהלט דעם פונקט וואו כ׳האָב געצילט.

איך בין דאַבוש. איך גלויב אין גאָט, וואָס האָט
די וועלט באשאפען. גוטס, שלעכטס ; שניי און רעגען,
טויט און לעבען — מעשים נאָר פון גאָט
צוליב זיין אייגען פארגעניגען וועגען.

נײַנציג פּיר

איך בין דאַבוש. איך גיב קיין גראַשען ניט
פאַר אַלץ. איך טו וואָס מיר געפעלט. צוליב פרייד
כאַפּ איך אַ פוקס, אַ ווילדען שוויין, און גליך
נאָך גליך רייס איך זיין לעבעדיגערהייט.

איך בין דאַבוש. איך וויים איך בין דער טרוים
אַרום אין אַלע בערג פון יעדען העלדענכלאַפּ ;
דער טרוים פון יעדער פרוי — געכאַפּט צו זיין
און צו פאַרשווינדען מיט דאַבושען אין גאַלאָפּ.

יאָ, פרויען, דאָס איז אויך אַ שטיקעל פרייד
אין רויבער לעבען. און עס אַרט מיך ניט —
נאָך יעדען מאַלצייט זאָל כאָטש זיין בּאַרייט
אַנ׳אַנד׳רע פאַר דאַבושען דעם באַנדיט.

איך בין דאַבוש. די חכמות פון דער וועלט,
די וויסענשאַפטען פון די קלוגע לייט
האָט קיינער מיך געלערנט. דאָך וואו — דער חכם-העלד
וואָס קען זיך שטעלען מיט מיר זייט ביי זייט ?

איך בין דאַבוש, דער רויבער פון די בערג.
חוץ מיר אַליין געטרוי איך קיינעם ניט;
ניט ווער אַ קרומען בליק אויף מיר אַמאָל —
איך היט שוין ביז'ן טויט אַריין זיין טריט.

ס'וויים ניט דאַבוש — וואָס טרויער איז, וואָס שלעכט;
און ווערט מיר קאַלעמוטנע — איך שפּאַן איין
און רייט צום טייך אַוועק, איך כאַפּ אַ העכט
און שטעק די פינגער אין די אויגען אים אַריין,
און רעווע ווי אַ ווילדע חיה אויפ'ן קול —
עס וויים דאַבוש ניט וואָס צו טון מיט זיך אַמאָל...

גווינציג זעקס

— מיסטער גראָס, היינט געהען מיר אַנ׳אַנדער וועג.
איך האָב אַ בריף דערהאַלטען פון מיין מאַן,
שרייבט ער מיר : איך זאָל זיך אומקערען צו אים ;
ער וועט מיר שיקען אַלץ וואָס איך באַדאַרף,
איך זאָל וואָס שנעלער קומען נאָר, ער וואַרט פאַר מיר.
איך האָב היינט מיטגעבראַכט מיין זוהנעלע מיט זיך, —
ווי צוויי טראָפּען וואַסער גלייכט ער צו מיין מאַן.
ער איז שוין זיבען יאָר אַלט און פאַרשטעהט שוין אַלץ.
און אייפערזיכטיג איז ער, ווי יעדעס קינד אין זיינע יאָרען.
דניאל,
זעה, דאָס איז מיסטער גראָס. —
„טולינקע״ היינט הייסטו מיסטער גראָס,
היינט געהען מיר אַנ׳אַנדער וועג
צוזאַמען מיט איר זוהנעלע. —
„טולינקע״ דאָס איז מיין ערשטער נאָמען
נאָך אַביסעלע פאַרצויגען.
וואָרים רופען מען מיך : נפתלי,
האָט זי פאַרצויגען מיך
(ווי ס׳קען אַ פרוי פאַרציהען נאָר)

און גערופען: טולינקע.
יע, טולינקע, היינט הייסטו מיסטער גראס,
היינט געהען מיר אַנ׳אַנדער וועג
און צווישען אונז איר זיבען יעריג זוהנעלע,
וואָס, ווי צווייַ טראָפען וואַסער גלייכט ער צו איר מאַן,
און ער, איר מאַן, ער שרייבט איר דאָך,
זי זאָל זיך אומקערען צו אים,
ער וועט איר שיקען אַלץ וואָס זי באַדאַרף:
ער וואַרט פאַר איר —
און דו, מיסטער גראס,
באַגלייט די „מאַמישע" דערוויילע אויף שפּאַציר
צוזאַמען מיט איר זוהנעלע.

בוינציג אבט

## אין הויף

צוועלף טרעפּ ארויף צום טויער פונ׳ם הויף,
קלינג אָן: עס עפענט זיך דער טויער אויף:
איך געה אריין: א דינער שטעלט מיך אָפּ
און נעמט פון מיר דעם הוט און ראָק אראָפּ.

און איינער, ווי א שאָטען, געהט פאָראויס
ער פירט מיך רעכטס און לינקס, שטוב איין, שטוב אויס,
מיר קומען צו דעם זאָל, איך געה אריין
און ס׳לאדט א דאמע שמייכלענדיג מיך איין.

מיר געהען אום, זי ווייזט אָן אויף געסט.
און אויף דער גאלערי אוואו מען עסט,
און אויף די טירען און געדרעהטע טרעפּ
און אויף א דאמע מיט א לאנגער שלעפּ.

מיר שטעלען ביידע אין א זייט זיך אָפּ.
מען געהט אריין, ארוים, ארויף, אראָפּ.
איך קוק: ווי מאָדנע איז די דאמע אין דער שלעפּ,
און מאָדנע זיינען דאָ געדרעהט די טרעפּ.

**בּוינציג בּוין**

א.

פעלד און הימעל,
פעלד און הימעל,
און איך אין מיטען פעלד אליין.
ווייט
וואו די גרויקייט פון דעם הימעל גרייכט דאס פעלד
געהט אויף די זון:
פון פעלד ארויף
געהט אויף די זון,
ווי פון א ים ארויס.
און איך דערזעה:
אין דער העלקייט פון דער זון
אנטפלעקט זיך הויך א בארג,
און שפיצט זיך אין דער גרויקייט פון דער הויך.

און איך זעה:
אַ צווייטער באַרג,
אַ דריטער,
און נאָכדעם צענדליגער
אַנטפּלעקען זיך פאַר מיר,
און יעדער שפּיצט זיך אין דער גרויקייט פון דער הויך.
און איך זעה:
פון דער העלקייט פון דער זון
ווערט די גרויקייט,
וואָס אין דער ווייט און הויך
בלוי: בלוי,
ווי דער הימעל,
און יעדער באַרג שפּיצט הויך זיך אין דער בלוי אריין.
און איך זעה:
פון יעדען באַרג
ציהען זיך שטעגען און סטעזשקעס,
נאָר די שטעגען זיינען ניט קיין אויסגעטראָטענע,
און זיי זיינען פאַרוואַקסען מיט גראָז.
און איך הער, ווי איך זאָג:

די שטעגעז און סטעזשקעס,
וואס ציהען זיך פון די הויכע בערג,
זיינען פארוואקסען מיט גראזען,
און זיינען ניט קיין אויסגעטראטענע,
ווייל קיינער געהט ניט אויף זיי.
און איך זאג ווייטער :
אויף די פארוואקסענע סטעזשקעס און שטעגען,
פלעגען די געטער־קינדער, וואס האבען געוואוינט אויף די בערג,
אראפגעהן און ארויפגעהן.
זיי פלעגען זיך אויסמישען מיט די מענשען,
וואס האבען געוואוינט אין די טאלען,
פלעגען זיי העלפען ארבייטען ;
און זיי פלעגען זעהן,
די מענשען זאלען זיך פארמערען אויף דער ערד.
נאר, אז די מענשען זיינען זינדיג געווארען,
און האבען זיך פאר די געטער פארזינדיגט,
ווארים זיי האבען געוואלט מיטגעהן מיט די געטער אויף די בערג,
זיינען די געטער בייז געווארען,
פלעגען מער ניט אראפקומען,

און פלעגען זיך מער ניט אויסמישען מיט די מענשען,
און די שטעגען און סטעזשקעס,
וואָס ציהען זיך פון די בערג,
זיינען פאַרוואַקסען געוואָרען.
און איצט שטעה איך דאָ,
וואו די שטעגען פון די בערג
קומען זיך צונויף
און צעשיידען זיך.
און איך הער, ווי איך פרעג זיך :
ברודער, וועלכען וועג ?
און איך הער, ווי איך ענטפער זיך :
צו מיר קומען זיך צונויף די שטעגען פון די בערג,
און פון מיר צעגעהען זיך די שטעגען צו די בערג.

ב.

פעלד און הימעל,
פעלד און הימעל,
און איך אין מיטען פעלד אליין.
ווייט,
וואו די גרויקייט פון דעם הימעל גרייכט דאָס פעלד

געהט אויף די זון :
פון פעלד ארויף
געהט אויף די זון,
ווי פון א ים ארויס.
און איך דערזעה :
אין דער העלקייט פון דער זון
געהט אויף אין מיטען פעלד, פון זיך אליין,
א שפיץ פון א טורעם,
און שפיצט זיך אין דער הויך,
און לייכט אנטקעגען זונענשיין.
און איך זעה :
א צווייטער שפיץ פון א טורעם,
א דריטער,
און נאך זיי צענדליגער
געהען אויף,
און יעדער לייכט אנטקעגען זונענשיין
און שפיצט זיך גאלדיג אין דער בלוי אריין.
און נאכדעם —
גאנצע טורעמס, קופאלען ;

חונדערט פיר

און עס וואַקסן אויף
גיבלען פון דעכער,
דעכער, הייזער,
הייזער און גאַסן,
גאַסן אין גאַסן,
געפלאַסטערטע וועגן
און אַלעם ליכט אַנטקעגן זונענשיין,
און איך אין מיט פון אַלע אַליין.
און איך זעה :
צו מיר קומען זיך צונויף די וועגן פון אַלע גאַסן,
וואָס ציהען זיך פון די טורעמס :
און איך זעה :
קאַליאַסן, געשפּאַנען,
טראַמווייען און אויטאָמאָבילען
לויפען הער און הין פאַרביי
אויף די געפלאַסטערטע וועגן :
און איך זעה :
וועגן — פול מענשען,
שפּאַצירענדיגע, איילענדיגע.

מענטשן אנגעלאָדענע מיט לאַסט,
און אנדערע, וואָס געהען נאָר,
ווייל עס שיינט אריין די זון אין גאַס.
און איך הער, ווי איך זאָג צו זיך:
אמאָל זיינען ריזען געווען,
האָבען די ריזען מקנא געווען די געטער־קינדער,
וואָס וואוינען אויף די בערג.
האָבען זיי גענומען בויען טורעמס,
זיי'רע שפּיצען זאָלען דערגרייכען די וואָלקען.
האָבען זיי זיך פאַרזינדיגט קעגען די געטער דערמיט,
די געטער זיינען בייז געוואָרען:
זיינען די ריזען, וואָס האָבען געבויט די טורעמס
אויסגעשטאָרבען,
און פאַרבליבען זיינען די טורעמס
און די וועגען צו די טויערען פון די טורעמס. —
איצט שטעה איך דאָ,
וואו די וועגען פון די טורעמס
קומען זיך צונויף
און צעשיידען זיך.

הונדערט זעקס

און איך הער ווי איך פרעג זיך:
ברודער, וועלכען וועג?
און איך הער, ווי איך ענטפער זיך:
צו מיר קומען זיך צונויף די וועגען פון די טורעמס,
און פון מיר צעשיידען זיך די וועגען צו די טורמעס.

## איצט ווייס איך שוין

איצט ווייס איך שוין,
ווען ס׳טרעפט אמאָל און ס׳הויבט ביי מיר אין קאָפּ
אַ רוישען. און ס׳צעטראָגען אין גאַלאָפּ
זיך גאנצע מחנות רייטער
אין לאנגע בונטע רייהען
מיט פאָנען און געשרייען,
ארויף, אראָפּ,
אויף אַלע טויזענט וועגען, וואָס ביי מיר אין קאָפּ,
דאן ווייס איך שוין:
פון ווייטען קומט אַן א געשפּאַן
געפירט פון זיבען רייהען שטאָלצע פערד,
עס שפּריצען פונקען אונטער זיי׳רע טריט.
פאָראויס און ביי די זייטען

הונדערט אבט

רייטען גאנצע מחנות רייטער;
און צופוס פֿאַראויס און ביי די זייטען
לויפען טויזענט שקלאַפען,
האלב־נאקעטע און באָרוועסע;
פון הינטען,
אין שטופעניש און אין געדרענג,
לויפט נאָך דאָס פֿאָלק
און יעדער וויל איין בליק כאַטש כאַפען אין געשפאַן,
אויף דעם, וואָס זיצט דאָרט אין געשפאַן.
און אַלעם ציהט זיך ווי א רוישענדיגער שטראָם אנטקעגען זונענשיין,
און ווי א שיפעל אויף דעם שטראָם,
וואָס ציהט זיך קעגען זונענשיין
טראָגט זיך אין דער מיטען דער געשפאַן,
און קיינעם פאלט ניט איין,
אז אפשר זיצט גאָר קיינער ניט אין דעם געשפאַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט ווייס איך שוין,
אין דעם געשפאַן זיץ איך אליין.
זיץ אויבענאַן

הונדערט נײַן

אין בגדי־מלכות אָנגעטאָן.
מיין שוואַרצער קאָפּ טראָגט הויך אַ קרוין
מיין בליק איז שטרענג באַפעלעריש,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ קעניג אין אַ קרוין.
אין איך באַפעל: —
מען שטעלט זיך אָפּ.
און ס'שטעלט זיך אָפּ דער גאַנצער צוג.
כ'וויל זעהן דאָס פאָלק,
דאָס פאָלק וואָס לויפט פון הינטען נאָך
אין שטופעניש און אין געדרענג.
איך בין אליין אַ זוהן פון פאָלק!
כ'וויל זעהן דאָס פאָלק,
און ווייזען זיך פאַר אים אַליין,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ קעניג אין אַ קרוין.
איך הויב זיך אויף אויף דעם געשפּאַן
און מורמעל וואָס צום פאָלק,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ קעניג אין אַ קרוין.
דאָס פאָלק ווערט ווילד פון פרייד,

און ווילדער אלץ
און שרייט און יובעלט —
און איך דערזעה פאר זיך
חיות, חיות חיות!
אין אלערליי געשטאלטען חיות.

---

מיין קעניגליכער בליק באפעלט:
דער צוג ציהט ווייטער.
פאראויס און ביי די זייטען
רייטען גאנצע מחנות רייטער,
עס שפריצען פונקען אונטער זיי'רע טריט,
און צופום פאראויס און ביי די זייטען
לויפען טויזענט שקלאפען
האלב־נאקעטע און בארוועסע;
פון הינטען
אין שטופעניש און אין געדרענג
לויפט נאך דאס פאלק,
און איך צעווישען זיי, מיט זיי
לויף נאך

און וויל איין בליק כאטש כאפּען אין געשפּאן,
אויף דעם, וואס זיצט דארט אין געשפּאן,
ביז אלץ פארהילט זיך אין א נעפּעל
און פארשווינדט,
פארשווינדט וואו אויף די טויזענט וועגן, וואס ביי מיר אין קאפּ.

רוה און שטילקייט.
נאָכדעם :
קלאַנגען לייכטע, דינע,
און די לייכטקייט פון די קלאַנגען
הויבט מיך און דערהויבט מיך
הויך און העכער,
ביז די גאַס
ווערט אַ טאָל פון שאָטענס,
און איך — אַ פעסטונג
אויף צענדליג און צענדליגער איילען די הויך,
די ברייט פון אַ וועג.
רוה און שטילקייט.
לויטערע ליכט ווי אַלייען
אויף דער הויך פון דער פעסטונג,
דורכזיכטיגע, ליכטיגע
געהען שפּאַצירען אויף דער ברייט פון דער הויך.

רוה און שטילקייט.

פון דעם שאָטענטטאָל אַרויף,
דאָך ניט דערגרייכענדיג די הויך,
שטעהט אַ לייטער,
און די שאָטענס פון דעם שאָטענטאָל
קלעטערען און קלעטערען
ביז דעם לעצטען טרעפּעל אויף דער לייטער,
וואָס דערגרייכט ניט ביז דער הויך,
און קערען זיך פאַרצווייפעלטע
צום טאָל פון שאָטענס אום.
פינסטערע, פאַרצווייפעלטע,
דערפיהלענדיג די אומבאהמאָלפענקייט
קוקען זיי אַרויף: ברידער!
ברידער, וואָס פעהלט אונז צו זיין אזוי הויך ווי די הויך?
גאָט, גיב זיי לייכטקייט,
גיב זיי כח,
גיב — זיי זאָלען זיך קענען דערהויבען — —
וואָרים וואָס פעהלט זיי דען
צו זיין אזוי הויך ווי די הויך?

**הונדערט פערצען**

אך, וואס וועט זיין פון מיר ?

אך, וואָס וועט זיין פון מיר ?
אך, וואָס וועט זיין פון מיר ?
אַ טאָג נאָך טאָג פאַרגעהט
און יאָר נאָך יאָר פאַרשווינדט,
כ'בין פון אַ פרעהליך קינד
אַ בלייבער מאַן געוואָרען.
איך וואַגעל אום און בייט,
בייט איין אָרט פאַר'ן צווייטען,
בייט איין שטאָט פאַר דער אנד'רער;
און עס זיך אויף אליין,
און צעהר זיך אוים אליין;
אך, וואָס וועט זיין פון מיר ?

אך, וואס וועט זיין פון מיר ?
איך, וואס קום ארויס
פון אידען יום־טוב'דיגע,
וואס האבען דור נאך דור
אין בטחון נאר
אין גרויסען גאט געלעבט ;
וואס האבען טאג און נאכט
אין תורה לערנען נאר,
און מיט ווייב און קינד
טאג און נאכט פארבראכט.
אך, וואס וועט זיין פון מיר ?

אך, וואס וועט זיין פון מיר ?
מיר, וואס פעהלט בטחון אויס,
מיר, וואס פעהלט א תורה אויס,
און וואס וואגעל אום,
בייט אנ'ארט פאר ארט,
בייט א שטאט פאר שטאט,
וואש אין פרעמדע וואסערען זיך,

**הונדערט זעכציג**

עס ביים פרעמדען טיש,
רוה אין פרעמדען בעט,
לייד אויף יענעמ׳ס לייד:
עס זיך אויף אליין,
צעהר זיך אוים אליין:
אך, וואס וועט זיין פון מיר?
אך, וואס וועט זיין פון מיר?

## די לעצטע צייט

די לעצטע צייט האט מיך גענומען עגבערען
א געדאנק:
וואס וועט זיין פון מיר?
איך בין שוין אכטצען יאר
און עס נאך אלץ מיין טאטענס ברויט.
און איך וויים:
דערזעלביגער געדאנק
עגבערט אויך מיין טאטען טאג און נאכט:
וואס וועט זיין פון מיר?
און מיין פעטער און די מומע
ריידען אויך אפט איבער:
וואס וועט זיין פון מיר?
ביז איינמאל איז מיר געקומען א געדאנק,
איך וועל פארלאזען מיינע עלטערענס הויז,
ארויספארען אין דער וועלט
און זעהן:
וואס וועט זיין פון מיר,

**הונדערט אכטצען**

## איך וועל גארניט פארשפּעטיגען

איצט, ווען איך געה שוין מיין אייגענעם וועג
און פארשטעהה, אז אלץ דארף זיין אזוי ווי עס איז,
זאג איך זיך : —
— טולינקע שוין אכט א זייגער,
שטעה אויף און דאווען אפּ,
וועסט געהן געזעגענען זיך דערנאך.

ווי שווער עס איז אוועקצופארען פון דער היים,
ווען איך וואָלט איצטער קענען זאגען :
טאטע, איך פאר ניט.
דאך זאגען דאס, דאס קען איך ניט.
כ׳ליג אויסגעדרעהט צום וואנט
און וויל ניט עפענען די אויגען,
כאטש עס איז שוין אכט א זייגער
און עלף געהט אפּ דער צוג.
איך ווייס :
די מאמע האט ס׳געפּעק שוין אנגעגרייט,

**הונדערט נײַנצען**

און כ'הער, מיין טאטע שטעהט ביי מיין געלעגער :
— טולינקע, שוין אכט א זייגער...
— לאז איהם נאך...
בעט זיך שטיל די מאמע,
און דער זיידע גיט אויך צו :
— ער וועט גארניט ניט פארשפעטיגעז.
מיין אלטער, גוטער זיידע,
ער פארשטעהט שוין :
איך וועל גארניט ניט פארשפעטיגעז.

### זיי די געטער ניט מקנא

נפתלי, זיי די געטער ניט מקנא, זיי,
וואָס טראָגנען אין דער הויך, פאַרשטעהען אלץ,
און מוזען אייביג לעבען און זיך לאַנגווײלען
וואַרטענדיג אויף אונזערע געבעטען.

# אינהאלט

## דא אין מיין איינזאמקייט:

## א גוט, גוט, גוט:



## וואס וועט זיין פון מיר?

